צום חשובֿן ליבהאָבער פֿון ייִדישן ליד
ה. פּאָלאָס —
מיט פֿריינטשאַפֿט
רייזל זשיכלינסקי
ניו־יאָרק יאַנואַר 1979

רייזל זשיכלינסקי

# די נאָוועמבער־זון

## לידער און דערציילונגען

RAJZEL ZYCHLINSKA

*DI NOVEMBER SUN*

THE SUN OF NOVEMBER



פּאָרטרעט פון דער דיכטערין געצייכנט פון מאָלער בען

אַרויסגעגעבן מיט דער מיטהילף פון מאַיר ווייסגאַל

IM.PO., 65, rue du Fg-St-Denis, 75010 Paris

## די פאַרנאַכטיקע נאָוועמבער - זון

די פאַרנאַכטיקע נאָוועמבער־זון
איז שוין אַראָפּ פון די צוויי געשטריקטע לייבן
אויף דער שטול,
מיט די ברייט אויפגעריסענע מיילער
אין שטומען געשריי
איינער קעגן אַנדערן —
אַ מתנה פון מיין זון.
זי איז שוין אַראָפּ פון בילד אויף דער וואַנט,
די ווייסע רויזן פון וואַן־גאָג.
פון דער הויכער, בראָנדזענער לאָמפּ אין ווינקל.
זי האָט זיך צוגערוקט צום פענצטער
און זיך אויסגעלאָשן אין די פאַלדן פון דעם געלן פאָרהאַנג.
דאָס אַלץ האָט געדויערט נישט לענגער
ווי מיין גאַנץ לעבן.

## אין זאַל פון די בודהאַס

מאַיר ווייסגאַלן

אין זאַל פון די בודהאַס איז שטיל,
אַלע גערוישן זענען אָפּגעשווומען
אַלע רעדער האָבן זיך אָפּגעשטעלט,
בלויז די בודהאַס שמייכלען —
זיי לאַכן נישט
זיי וויינען נישט
בלויז זיי שמייכלען.
איין בודהאַ שמייכלט מיט די שמאָלע שפּאַרעס
פון זיינע כינעזישע, קוים געעפנטע אויגן.
איינער שמייכלט מיט אַ ווינקל פון זיינע דינע ליפּן.
איין בודהאַ האָט אויף אייביק געפאַנגען
דעם זונאויפגאַנג אויף זיין פּנים.
איך וואַנדער פון בודהאַ צו בודהאַ,
פון שמייכל צו שמייכל —
אויף דער דינער בריק פון דער נירוואַנאַ.

## שניי

אַן אַלטער אייזקאַסטן אַרויסגעוואָרפן אויפן שניי —
שנייט אין אים אַריין
טיף, בלוי.
די אָפּגעבראָכענע ווייסע טיר ליגט דערנעבן,
אַן אָפּגעבראָכענער ווייסער פליגל —
דער שניי דעקט זי צו
שאַ, שטיל.
אַ הויז נאָך אַ שרפה.
שוואַרצע ווענט.
צעבויגענער אייזן.
אָפענע שוואַרצע לעכער
פון פענצטער, טירן.
דריי לעבן־געבליבענע, שטיינערנע טרעפּ
פאַרן הויז.
אַ שניי דעקט זיי צו
פון קיינעם נישט געדונגען
פון קיינעם נישט באַטראַכטן.
היט ער דאָס אָפּגעברענטע הויז
ווייסע געשפענסטער זאָלן נישט אַריין,
שוואַרצע זאָלן נישט אַרויס.

## דער ווייסער אַלטער האָטעל

דער ווייסער אַלטער האָטעל ביים ים
ציט מיך יעדעס יאָר דאָ אַהער,
איך זאָל זען צי ער שטייט נאָך ביים ברעג,
צי די פייכטקייט פון ים
האָט נישט אַדורכגעשימלט זיינע ווענט,
צי די זון האָט נישט דורכגעלעכערט
זיין דאַך,
צי די ווינטן האָבן אים נישט אומגעוואָרפן.
און אפשר קום איך דאָ אַהער
דער ווייסער אַלטער האָטעל
זאָל מיך זען?
ער זאָל זען, אַז איך לעב נאָך,
אַז דער שטויב פון דער שטאָט
האָט מיך נאָך נישט אויפגעגעסן?
דער ראַנדעווו איז תמיד דער זעלבער:
די ווייסע ווענט פון האָטעל
פאָכען נאָך פון דער ווייטנס צו מיר
מיטן ווייסן שוים פון די ים־כוואַליעס,
און איך פאָכע צוריק
מיטן ווייסן טיכל אין מיין האַנט.

## די האַרבסטן

די האַרבסטן װאָס גייען פאַרביי —
זיי לאָזן איבער אין דיינע אויגן
אַ פינטל
פון אַלץ אַ טיפערן געל,
אַ געל,
װאָס טליעט מאַכטלאָז אין די אויגן
פון געפאַנגענע טיגערס
און לייבן
אין די שטייגן.
ביז איינער אַ האַרבסט,
װעט זיך אויסלעשן אין דיינע אויגן
פאַרזשאַװערט, ברוין —
און איך װעל שוין דעמאָלט גאָרנישט
קענען מער זען.

# אַ זונפאַרגאַנג

די זון האָט היינט ביים פאַרגיין
נאָכגעמאַכט דעם מעיק־אַפּ *
פון אַן אַלטער פרוי —
שטיקער רויטס זענען אומזיכער
אַרומגעשווומען אויפן פאַרנאַכטיקן הימל
און געזוכט דעם האָריזאָנט
צו אַנטרינען;
אַזוי ווי די רויטע, אָנגעשמירטע
וואַנזיניקע פלעקן
אויפן פּנים פון אַן אַלטער פרוי,
וואָס זוכן די אַלטע אויערן אירע —
צו אַנטרינען.

* דאָס פּודערן זיך

## סאָסנעס, זאַמדן

סאָסנעס, זאַמדן,
און ווידער סאָסנעס,
זאַמדן.
דער פּייזאַזש איז מיר באַקאַנט,
נאָר איצט פירט דער וועג צוריק
צום ים
און צו מיר,
אַ מאָל איז ער געווען בלויז טאָל,
פאַרשלאָסענער טאָל.
איך קוק אויף די וועלדער שוין,
ווי דער ים קוקט צום הימל —
אָן אויג וואָס געדענקט נישט,
אָן אויג וואָס פאַרגעסט נישט.

## נישט דאָס איז דער וועג

לא זה הדרך
ולא זה העיר
(מלכים ב׳)

נישט דאָס איז דער וועג
און נישט דאָס איז די שטאָט,
און ווו איז דער וועג?
ווו איז די שטאָט?
די זון האַלט שויןביים פאַרגיין,
און איך האָב נאָך נישט געפונען
דאָס אָרט
דעם שטיין
אָנצושפאַרן מיין קאָפּ פאַרן נאַכט־געלעגער,
און ווידער אין חלום זען דעם לייטער
מיט די מלאכים,
וואָס פירן מיך נאָך אַלץ אַרויס
פון שייטער.

## וואָס ווייס איך

וואָס ווייס איך פון די וואַלפיש
וואָס געבוירן זייערע קינדער
אין די טיפענישן פון די ימען?
וואָס ווייס איך פון דעם מאַן
וואָס גייט מיך דאָ פאַרביי ביים ים,
מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן
וואָס זעען נישט קיינעם,
אין אָפּגעשאָסענעם מאַנטל
מיט דער אויסגעבלייכטער פּלייצע
וואָס שלעפּט אויף זיך דעם אָפּגעזעצטן קאַלך
פון אַלע אויסגעלאָשענע זונען?
וואָס ווייס איך פון מיינע אייגענע הענט
פון מיינע פינגער
דורך וועלכע די צייט רינט,
און איך הער נישט
און איך זע נישט.

## אויפן בוידעם

פון וואַנען האָבן זיך גענומען
אויף אונדזער בוידעם אַ פּאָר הירשן־הערנער?
ווי פאַרבלאָנדזשעטע צווייגן
פון עפּעס אַן עקזאָטישן בוים,
זענען זיי געלעגן אין אַ ווינקל —
ברוינע, פאַרדרייטע, פאַרשטיינערטע,
באַדעקט מיט שטויב.

אָפט מאָל פלעג איך אַרויפגיין אויפן בוידעם
און קוקן אויף די הערנער
אויף זייער ווילדן געדריי —
ווי איך וואָלט געזאָנט אַזאַ פאַרדריי פון גורל
פון וועלכן ס׳וועט נישט זיין קיין אַרויס.

## ס׳האָט עמעצער צוגעדעקט

ס׳האָט עמעצער צוגעדעקט מיט אַ רויט קלייד
אַ טויטן הונט אויף אַ גאַס —
שטאַרצן אַרויס זיינע הינטערשטע צוויי פיס
אויפן ברוק.

אַזוי איז אַוודאי געלעגן
דער טויטער צעזאַר
צוגעדעקט מיט זיין רויטער טאָגע
ביים קאַפּיטאָל אויף די טרעפּ,
נאָך דעם ווי זיינע פריינט
האָבן אים דערשטאָכן מיט זייערע שווערדן.

אַזוי האָבן אַרויסגעשטאַרצט צעזאַרס פיס
פון אונטער דער רויטער טאָגע,
און געבעטלט ביי ברוטוסן אַ טרער.

## דער געוועט

די ים־כוואַליעס שטורעמען אָן אויפהער
די סקאַלעס ביים ברעג,
ווילן זיי צעמורשלען אין זאַמד —
נאָר איידער פון די גרויסע שטיינער
וועט ווערן זאַמד —
וועל איך פריער זיין
אַ שטערן.
דער געוועט גייט אָן
אָן אויפהער
אומדערמידלעך:
די שטיינער שפּיצן זיך אָן
אַלץ שטעכיקער
אַלץ גיפטיקער
מיט שאַרפע קאַנטן פון מעסערס,
אַנטקעגן דער רוגזה
פון וואַסער און ווינט —
און איך הייב זיך אויף
אַלץ לופטיקער
אַלץ העלער
אַריבער די לאַסטן פון אָרט
און צייט.

## דאָס וועטער

א. סוצקעווער

פייערלעך קלינגט דאָס קול
פון ראַדיאָ־אַנאָנסער
ווען ער גיט איבער דעם רעפּאָרט
פון וועלט־וועטער:
פּאַריז 63, קלאָר,
לאָנדאָן 63, וואָלקנדיק,
מעקסיקאָ 61, טיילווייז פּאַרוואָלקנט,
פּאָרטאָריקאָ 79, רעגן — — —
אַפּעלירט צו מיר מער
דער קלאָרער הימל אין פּאַריז,
ווי די זון דאָ, אין ניו־יאָרק?
בענק איך אַרומצוגיין אין רעגן
ערגעץ־ווו אין פּאָרטאָריקאָ?
איך וואַרט דער רעפּאָרטער זאָל מיר נאָך זאָגן
דאָס וועטער פון דעם לאַנד,
וואָס איז נישטאָ אויף דער מאַפּע,
נאָר וואָס וואַרט אויף מיר שוין לאַנג.

## וואָס איז געוואָרן

וואָס איז געוואָרן פון דעם יונגנמאַן
פון אילעווע,
דעם תבואה־סוחר,
דעם שידוך וואָס מען האָט גערעדט מיר,
ווען כ׳בין שוין אַ כלה־מיידל געווען?
איך האָב זיך אין דעם באַלעבאַטישן יונגנמאַן
פּלוצלינג דערמאָנט
קוקנדיק אויף דעם שוואַרצן רויך
קעגנאיבער מיין פענצטער.
איז ער אויך אַוועק מיטן רויך?
וועגן וואָס האָב איך מיט אים גערעדט
אויפן שפּאַציר
אין שבתדיקן וואַלד?
איך קען זיך דאָס מער נישט דערמאָנען.
איך געדענק — אַ תנכישער טרויער איז געווען
אין זיינע ברוינע אויגן.
איך געדענק — איך האָב לאַנג געקוקט
אויף זיינע שיך —
געזוכט אויף זיי סימנים
פון די אילעווער בלאָטעס
וואָס האָבן געשמט אין דעם קאַנט.
איך האָב זיך פאַר די בלאָטעס
געשראָקן —
און פון שידוך איז גאָרנישט געוואָרן.

## ווו איז אַהינגעקומען

ווו איז אַהינגעקומען די אַלטע גרויע פרוי
וואָס איז קיין מאָל נישט געשלאָפן
אויס מורא זי זאָל נישט איינשלאָפן אויף אייביק?
שלאָפט זי שוין ענדלעך דעם אייביקן שלאָף,
פון וועלכן גאָרנישט קען נישט מער זי וועקן,
גאָרנישט קען נישט מער זי שרעקן?
איז זי צוריק אַריין אין קרייז
פון די אייביק וואַכע שטערן,
מיט אירע ווייסע צעפּלאָשעטע האָר
צווישן די ווייסע צעפּלאָשעטע קאָמעטן —
די אַלטע, שלאָפלאָזע פרוי פון מאַנהעטן?

## דאָס דאַרע בלאַסע שוסטערל

דאָס דאַרע בלאַסע שוסטערל
וואָס האָט איבערגענומען די שוסטעריי
פון זיין פעטער, דעם איטאַליענער,
וואָס איז צוריקגעפאָרן אין זיין היימלאַנד
אָפּרוען די אַלטע ביינער,
דאָס דאַרע בלאַסע שוסטערל פון מיין גאַס —
איז שוין איצט אַ גאַנצער באַלעבאָס,
מיט אַ בויך
אַ קאַרק
מיט ווייב און קינדער.
יעדעס מאָל ווען כ׳גיי פאַרביי
זיין שוסטעריי,
דאָס שויפענצטער מיט די שיך
מיט די נייע זוילן,
זוך איך אין דער שויב
די טעג
די יאָרן
פון מיין פאַרביי־געגאַנגענעם דאָ לעבן,
וואָס דאָס שוסטערל האָט אָפּגעשפּאָרט
און באַהאַלטן
ווי אַ טייל פון זיין פאַרמעגן.

## דאַס כינעזישע קינד

אַ קליין כינעזיש ייִנגעלע
האָט מיך היינט אָנגעקוקט אין סאָבוויי
מיט שמאָלע אויגן פון אַ בודהאַ.
ער האָט געקוקט אויף מיר
שווייגנדיק און לאַנג
אַזוי ווי עס קען נאָר קוקן
אַן אַלט פאָלק —
און אַז ער איז מיד געוואָרן,
האָט ער צוגעמאַכט די פול־געוואָרענע אויגן זיינע,
און זיך צוגעטוליעט צו דער מאַמען.
און אַז איך האָב אין דעם פול־געפּאַקטן וואַגאָן
מיט די זונטיקדיקע צוריקפאָרערס פון ים,
דורכן פענצטער דערבליקט
די גוט־באַקאַנטע פּאַנאָראַמע פון ניו־יאָרק —
האָב איך געדאַנקט גאָט
וואָס מיר זענען שוין אַריבער די בריק,
און געדאַנקט אים פאַר דער גנאָד
פונעם כינעזישן קינד.

## דאָס קינד און דער זקן

אַ קינד און אַ זקן
זענען איינגעשלאָפן אויף אַ באָס,*
דאָס קינד אויפן שויס פון דער מוטער,
דער זקן אויף אַן אַקסל פון אַ פרעמדן.
אויףביידנס ליפּן
דער זעלבער ביטערער גרימאַס —
לאָזט אונז צו רו
אַלץ איז שוין נמאס.

---

* אויטאָבוס

# אין יאַנואַר

שלום ראָזענפעלדן

אין יאַנואַר,
ווען די ערד דערנענטערט זיך
צו דער זון
און איר שיין פֿאַרבלענדט אונדזערע אויגן,
דערווייטערן מיר זיך
פֿון זיך אַליין,
פֿרעמד ווערט אונדז
אונדזער אייגן געביין.
ווי עס וואָלטן געשטעלט זיך אין דער מיט
די בראשיתדיקע פֿינצטערע בערג,
די טיפֿע טאָלן
וואָס די צייט האָט צעמורשלט
צעריבן,
און ווידער זיי געבראַנגט אַהער
צוריק
אויף דער שוימיקער אויבערפֿלאַך
צו טראָגן.

# אין סאָבוויי

וואַרטנדיק אין שוואַרצן טונעל
אויף אַ באַן,
כּפל איך דערווייל שוואַרצקייט מיט שוואַרצקייט —
און ס׳ווערט אַ ציטערדיקער זונפלעק,
שאָטן מיט שאָטן —
און ס׳ווערט אַ פּאַסאַזשיר.

די באַן קומט אָן מיט געלע אויגן
די פּאַסאַזשירן גייען אַריין אין די וואַגאָנען,
די טיר פאַרקלאַפּט זיך
דער סאָבוויי רירט.

און ווידער כּפל איך —
פּנימער מיט פּנימער
און פּלייצעס מיט פּלייצעס;
פיס מיט הענט —
און ס׳ווערן פון זיי ביינער,
אויגן מיט אויגן —
און ס׳ווערן פון זיי לעכער.

## דער הויכער מאַן

דער הויכער מאַן —
וואָס כ׳האָב אים געזען היינט
אין גאַס,
וואָס פאַר אַ לאַנגן קבר
ער וועט דאַרפן — —
זיין שולדיקער קאָפּ
וואָס האָט איבערגעשטיגן אַלע מענטשנקעפּ —
זיין שולדיקער קאָפּ
האָט מחילה געבעטן
ביים הימל
ביי דער ערד
און ביי שאולן,
דעם געזאַלבטן מלך פון שמואלן,
וואָס האָט מיט אַ מלוכה אים באַגליקט
און מיט אַ שפּיז —
פאַר דער זינד
וואָס ער איז געבוירן געוואָרן.

## דער געשריי פון אַן אָקס

דער געשריי פון אַן אָקס
האָט זיך היינט דורכגעריסן צו מיר
דורכן טעלעוויזיע־גלאָז,
פון שלאַכטפעלדער
סופּערמאַרקעטס,
פאַרביי אָקסן־הענדלער,
דורך די גלאַטע רייד פון ספּיקער, *
דורכגעריסן זיך ווי אַ דונער
פון אַ לאַנג־פאַרגעסענעם געוויטער
וואָס איז מיך באַפאַלן אַמאָל
אין פרילינג
אויף אַ פעלד.
אויפגעגאַנגען איז פלוצלינג אין מיין שטוב
דער נאַסער ריח פון גראָז,
ווו כ׳האָב מיין פּנים באַהאַלטן
מיט אַזוי פיל יאָרן צוריק —
און אויפגעוועקט האָט זיך
און געשריגן —
דאָס פאַרפּאַקטע
אָפּגעוועגטע
און געפּרייזטע פּעקל פלייש
אין מיין אייזקאַסטן — — —
אויף די נאַסע רעגנדיקע גאַסן פון ניו־יאָרק,
בין איך אַרויס זוכן מיך?
דעם דונער?
דעם אָקס?

---

* טעלעוויזיע קאָמענטאַטאָר

## דאָס שווייגן

דאָס שווייגן פון אַ טויט־געבוירן קינד —
ווען די מוטער וואַרט
אויף זיין ערשט געוויין,
ערשטן געשריי —
דאָס שווייגן פון אַ טויט־געבוירן קינד — —

## דאָס נישט אויסגעלאָשענע פענצטער

בייטאָג זע איך אים אין גאַס,
אין אַ טונקעלן אָנצוג,
ראַזירט
פאַרקעמט
מיט אַ קראַוואַט — —
גאַנצע נעכט לויכט זיך זיין פענצטער
קעגנאיבער מיין פענצטער.
אַ לעבן־געבליבענער
פון היטלערס גאַז־קאַמערן,
שווימט אין די נעכט אַרום
זיין נישט־אויסגעלאָשן פענצטער —
אַ בלאָנדזשענדיקע שיף
אויף ימען פון פינצטערניש,
וואָס קיין שום פּאָרט
וויל זי נישט אַריינלאָזן
זי זאָל פאַראַנקערן
און אויך ווערן פינצטער.
ערשט אין די פרימאָרגנס
לעשט זיך אויס
דאָס קראַנקע געלע ליכט
אין זיין פענצטער.

## דער שטומער שותּף

דריי מעטער ברייט
זעקס מעטער טיף
און פופצן מעטער לאַנג —
דאָס זענען די מאָסן פון איינעם פון די גריבער
אין פּוילן,
צו וועלכע די דייטשן האָבן יידן געטריבן,
זיי דערשאָסן דאָרט
און באַגראָבן.
דריי מעטער ברייט
זעקס מעטער טיף
און פופצן מעטער לאַנג —
די דריי דימענסיעס.
און די פערטע דימענסיע,
די, אין וועלכער די אַלע אומגעברענגטע יידן
קענען נישט שטאַרבן
און קענען נישט לעבן —
זי איז דער שטומער שותּף
צו אַלע טעג פון מיין לעבן.

## ווען איך וואָלט אויך

ווען איך וואָלט אויך „דאָרט" געווען —
וווהין וואָלטן מיך די דייטשן געשיקט?
לינקס?
רעכטס?
רעכטס?
לינקס?
איך פרעג דאָס ביי מיינע ביידע
צוויי הענט —
נאָר זיי שווייגן
מיט אַ שווייגן פון טויטע.

## גרוי ווערן די גאָרילעס

גרוי ווערן די גאָרילעס אין די שטייגן —
פויל, פעט,
זיצן זיי שעהען־לאַנג
אומבאַוועגלעך אין די ווינקלען
ווו זיי זענען אַלט געוואָרן.
און מיד און גרוי ווערן אויך די אייזערנע קראַטן
וואָס טיילן זיי אָפּ פון דער וועלט.
איין שטאַרקער שטויס
וואָלט זיי אפשר אומגעוואָרפן,
די מיד געוואָרענע אייזערנע שטאַנגען,
און די גאָרילעס וואָלטן געקענט אַרויס
אויף דער פריי,
צוריקגיין צום דזשונגל —
נאָר די גאָרילעס זיצן גרוי, מיד,
אומבאַוועגלעך
אין די ווינקלען פון די שטייגן —
מיט אומעטיקע אויגן.

## צוויי מאַמעס אין דער זו *

אַ גאָרילע־מאַמע אין איר שטייג
טוליעט, צערטלט איר קינד,
זי טראָגט עס אויף די אַקסלען,
וויגט עס אויף די האָריקע הענט.
ווי אַ מענטשן־מאַמע קושט זי דאָס קינד,
די קראַטן פאַרשווינדן —
ס'איז בלויז מוטער מיט איר קינד.
די לייבן־מאַמע אין דער שטייג
האָט וויניק געדולד צו איר קינד,
צו זויגן עס,
צו לעקן עס מיט דער צונג.
זי לויפט אַרום
זי יאָגט אַרום אין איר שטייג,
אַהין און צוריק
אַהין און צוריק
ווי געטריבן פון אַ סאַהאַראַ־ווינט —
די געלע אויגן פאַרבענקטע
צום סטעפּ
צום זאַמד
צום לייב — — —
אין אַ ווינקל פון דער שטייג
ביי דער וואַנט,
שטייט איר קינד
דאָס קליינע לייבעלע,
קוים צוויי חדשים אַלט —
און ס'היט זיך
שרעקט זיך
נישט צו שטיין,
זיין גרויסער הערלעכער מאַמע
אין וועג.

* זאָאָלאָגישער גאָרטן

## דער אָקס

הענגט אַן אויסגעמאָלטער אָקס
אין אַ יאַטקע פענצטער.
איינגעטיילט, צעפּערטלט אין געביטן
איז זיין לייב,
מיט אויפשריפטן
ווי די מאַפּע פון די פאַראייניקטע שטאַטן:
די ברוסט
די ריפּן
דער סטעיק —
דער ריב־סטעיק
דער קלאָב־סטעיק
דער שולדער־סטעיק.
דער אָקס קוקט ערגעץ ווייט אַוועק
מיט זיינע וואַרעמע, גרויסע, פאַרחלומטע אויגן,
ווי דער גאַנצער עסק וואָלט אים נישט אָנגעגאַנגען.
אויף זיינע פיר שווערע פיס
שטייט ער פעסט אַריינגעוואָקסן אין דער ערד
און גאָרנישט קען אים פון דאָרטן רירן.

## דאָס ליד

דער געבורט פון אַ ליד
איז ווי דער געבורט פון אַן אינדזל —
פייערדיקע לאַווע פון אַ ווולקאַן
שפּאַרט פלוצלינג הויך אַרויס
פון ימיקע טיפענישן
אין צונטער־רויטע פלאַמען,
לעשט זיך אויס,
און קילט זיך אָפּ —
און באַלד סטאַרטשעט פון ים אַרויס
נאָך אַן אינדזל —
גראַניט און שטיין.
אַזוי קומט דאָס ליד
מיט וואָרט, קלאַנג —
ווען דורכגעלויכטן פון אַ בליץ
ווערט דער געדאַנק.

## אין נעדיק

אַן אַלטע גרויע נעגערין
טרינקט אַ טעפּל קאַווע אין „נעדיק״ *
און רעדט צו זיך
און צום ליידיקן טעפּל —
אַמאָל בין איך געווען אַ שיינע פרוי,
היינט בין איך אַלט און גרוי.
מען איז מיך באַפאַלן מיט אַ מעסער
אויף די טרעפּ פון מיין שטוב,
און די ניורס אין שפּיטאָל
האָט מיך באַהאַנדלט ווי אַ הונט.
מיינע קינדער דאַרפן מיך נישט מער,
זיי זאָגן צו מיר —
Pick up your grave yard and go!**
— און כ׳קען נישט אַרויסקריגן די לעבנס־פאַרזיכערונג
פאַר מיין פאַרשטאָרבענעם מאַן — — —
די אַלטע נעגערין רעדט, רעדט
צו זיך,
און צו קיינעם נישט —
און ווען זי שטעלט זיך ענדלעך אויף,
און זאָגט שטיל —
ס׳איז צייט צו גיין,
It's time to go,***
דערהערט זי באַלד דער נעגער
אין ווייסן פאַרטעך,
און ער זאָגט צו איר פריינטלעך —
Take it easy.****

---

* דער נאָמען פון אַ נעץ רעסטאָראַנען אין ניו־יאָרק.
** קלויב דיר אויס אַ קבר און גיי!
*** ס׳איז צייט צו גיין.
**** נעם עס לייכט.

## ביי גימבעלסן אין קעלער

אַ פרוי האָט צוריקגעלייגט אַ קלייד
אויף אַ שטויס פאַרביקע קליידער
ביי גימבעלסן אין קעלער,
און גערעדט צו זיך
צו די קליידער:
צו וואָס דאַרף איך דאָס קלייד
אַז קיינער זעט מיך סיי ווי נישט?
מיין מאַן קומט נישט צוריק צו מיר
פון יענער וועלט,
איך וואָלט שוין לאַנג געדאַרפן גיין אַהין,
צו אים —
צו וואָס דאַרף איך דאָס קלייד?
זי האָט אַ מאַך געטאָן מיט איר האַנט
און אַוועק —
און באַלד איז איר שמאָלע פלייצע
נעלם־געוואָרן
ביי גימבעלסן אין קעלער.

# אַ רעגנדיקע נאַכט

אַ רעגנדיקע נאַכט —
איבערגעוועקט
ליג איך וואַך,
הער ווי דער רעגן פּויקט אין די שויבן.
טראַכט פון דאָקטער,
דעם ליידיק־געוואָרענעם וואַרטצימער —
ווו זענען אַהינגעקומען זיינע פּאַציענטן?
ווידער האָט דער מיסיסיפּי־טייך אויסגעגאָסן —
פאַרגאָסן בריקן
דאַמבעס
דערפער
באַדראָט די שטעט —
דאָס וואַסער רוט נישט,
ס׳רינגלט אונז אַרום פון אַלע זייטן —
זוכט אונדזער האַלדז.
דער רעגן פּויקט אין די שויבן,
דערמאָנט מיך אַז ס׳איז פרילינג אויף דער וועלט,
איידער כ׳וועל מיך אַרומקוקן —
וועלן פון דעם גרינעם, יונגן ציטער,
ווידער מיר אַנטקעגנקומען ביימער
מיט פולע, גרינע, פליישיקע בלעטער.

## אַן אלולדיקער בלאַט

אַן אלולדיקער בלאַט
איז אַראָפּגעפאַלן פון אַ בוים
מיט אַ פּריצייטיק געל־געוואָרן פּנים,
און דערמאָנט מיך
אַז ביסט נישטאָ שוין מער
צווישן די לעבעדיקע;
איך וועל דיך נישט טרעפן מער
צווישן די גרויסע מענגעס מענטשן
און נישט אין די הינטערשטאָטישע
ליידיקייטן.
אַן אלולדיקער בלאַט
איז אַראָפּגעפאַלן פון אַ בוים
און אָנגערירט מיין אַקסל
מיט אַ שטילן שאָרך.

# אַן אַלטער טעלעפאָן - נומער

אַן אַלטער טעלעפאָן־נומער
אָן אַן אַדרעס
אָן אַ נאָמען
פאַרשריבן אין מיין נאָטיץ־ביכל,
וואָס כ׳ווייס נישט מער
ווער ס׳האָט אים מיר געגעבן,
ווען ?
צו וואָס ?
אַן אַלטער טעלעפאָן־נומער
מיט זיינע שטומע ציפערן —
קוקט אויף מיר מיט אויגן
פון אויסגעלאָשענע לבנה־קראַטערס,
וואָס מען וועט שוין קיינמאָל נישט דערגיין
ווען זיי האָבן זיך אָנגעצונדן,
און פאַרוואָס זיי האָבן זיך אויסגעלאָשן.

# אין ליידיקן האַל

אין ליידיקן האָל קוק איך
אויף דער רשימה פון נעמען
איינגערעמט אונטערן גלאָז —
דיין נאָמען זאָגט נאָך אַלץ מיט קלאָרע אותיות,
אַז דו אַמטירסט אויף די הויכע שטאָקן —
און דו וווינסט שוין לאַנג אין די טיפענישן — —
דער האָל איז ליידיק.
דער עלעווייטאָר איז געבליבן שטיין.
דער רעש פון שטאָט האָט זיך איינגעשטילט,
פוסט זענען געוואָרן די גאַסן אַרום
אין די פאַרנאַכטיקע שעהען.
די באַאַמטע זענען שוין אַוועק,
די גֿעזעץ־היטערס האָבן פאַרלאָזן
זייערע ביוראָען.
בלויז דו, דיין טויטער נאָמען,
הענגסט ווי אויפן קרייץ
אין דער שטומער ליידיקייט פון האָל —
אַליין אין דער נאַכט וואָס קומט באַלד אָן.

## די לעצטע גרויסע רעגנס

די לעצטע גרויסע רעגנס
האָבן אַוודאי דורגעווייקט
דיין קבר,
צעשלעפּט דיינע אברים
אַרויסגעשוואָנקען דיינע אויגן — —
די לעצטע גרויסע רעגנס — —

## נעפּלען

נעפּלען אין מיר
נעפּלען אַרום מיר
— נישטאָ מער קיין וועג
די שטאָט איז פון וואַטע
לאָמפּן מאַטע
קוים וואָס מען זעט.

## דער ווינט

און ווידער איז עס דער ווינט
וואָס זוכט מיין נפש —
און ווידער איז עס דער ווינט.

## די לאַלקע

איך האָב מיר געקויפט אַ שלאָף־לאַלקע,
זי עפנט די אויגן,
זי מאַכט זיי צו —
איך האָב אין מיין קינדהייט
צו אַזאַ לאַלקע געגאַרט —
און נישט געהאַט — — —
בייטאָג — זי עפנט אירע בלויע אויגן —
קוק איך פאַרגאַפט אַריין אין די בלויע פענצטער
פון מיין קינדהייט —
פאַרנאַכט — זי מאַכט די מידע אויגן צו —
איך לייג זי שלאָפן,
איך דעק זי צו — — —

## איינדרימלען

איינדרימלען אין מיטן שטאָט
אויף אַ באַנק —
פֿאַרבייגיין וועלן יונגע מיידלעך
אַלטע פֿרויען
מענער
הינט.
אויפֿכאַפּן זיך נאָך אַ מינוט
אָדער צוויי,
נאָך אַ יאָרהונדערט
אָדער צוויי,
און ווידער וועלן פֿאַרבייגיין —
יונגע מיידלעך
אַלטע פֿרויען
מענער
הינט —
די אייביקע טרעטערס פֿון אַספֿאַלט.

## כ׳בין איינגעשלאָפן

כ׳בין איינגעשלאָפן
און אַנטרינען פון דעם געהייל פון די ווינטן
וואָס האָבן געריסן
געשטורעמט די ווענט פון מיין שטוב
די נאַכט.
וואָלט איך נישט איינגעשלאָפן,
וואָלטן מיך די עלעמענטן
אַוודאי אַרויסגעשלעפּט
דורך די פענצטער
אין דער קרירה אַרויס,
אין דער פינצטערניש אַרויס
אין זייער תוהו ובוהו
איך זאָל ווערן איינע פון זיי.

איך האָב מיך אויפגעוועקט פאַרטאָג,
די ווינטן האָבן זיך איינגעשטילט.
ווידער וועל איך אָנהייבן מיין טאָג.
אַראָפּגיין אין גאַס
קויפן אַ צייטונג,
קוקן אויף דעם אויפגעריסענעם מיט גוואַלד
שטייניקן גרונט פון ניו־יאָרק,
אויף די ניי־געלייגטע ברייטע רערן אין דער טיף
פאַר דעם וואַסער און אָפּפאַל פון די מענטשלעכע דירות,
נישט פאַרשטאָפּט זאָלן ווערן די קאַנאַלן
צו די קומענדיקע דורות.

## וואָס טוט ער דאָרט

וואָס טוט ער דאָרט
גאַנצע טעג? —
פרעגט אַ דיכטערין ביים ים,
מיט פאַרבראָכענע הענט
אויף איר פאַרשטאָרבענעם מאַן —
וואָס טוט ער דאָרט
גאַנצע טעג?
ער בענקט נאָך דיר, טייערע,
נאָך דיינע קליינע הענט —
ענטפערט איר שטיל
קוים הערבאַר
דער ים.

## אַ מאָל

אַ מאָל רופט מען מיך באָבע
אַ מאָל מאַמע
און אַ מאָל — יונגע לעידי,
יונג מיידל!
און איך שמייכל העפלעך צו אַלע,
און הער ווי ס׳לאַכט אין מיר
פון אַלע —
דאָס יונגע מיידל.

## זון מיינער

זון מיינער,
ווי ס׳קליידט דיר דאָס רויטע העמד!
ווי ס׳וואָלטן די פלאַמען
פון וועלכע כ׳בין מיטן לעבן אַנטרינען —
באַלויכטן איצט מיט זייער גליאיקן אָפּשיין
דיין פּנים.
זון מיינער,
ווי ס׳קליידט דיר דאָס רויטע העמד!

## דער בעטלער און דער פרילינג

היי־יאָר וועלן די יונגע גראָזן אין פרילינג
אַרויסשפּראָצן פון דער ערד,
פון דער פאַרקאַלטנטער באָרד פון אַ בעטלער
וואָס איז פאַרשוווּנדן פון זיין שטענדיקן אָרט
אויף דער גאַס
נאָך די גרויסע פרעסט.
פאַרשוווּנדן אויף שטענדיק
איז דער באַרג מיט שמאַטעס.
ער, וואָס איז ביים לעבן געווען שטויב,
און געגעסן שטויב,
ער איז איצט דער קעניג פון שטויב,
פון די בלומען.
אויף זיין באַפעל
וועלן זיך צעגרינען די פעלדער.
אויף זיין באַפעל וועלן זיך צעבריען מיט הייסן סם
די פּאָקריווּעס, די דערנער.
אויף זיין באַפעל
וועלן ווינטן אויפהייבן הויך
ביי יונגע מיידלעך די קליידלעך —
ער, וואָס האָט זיי ביים לעבן נאָכגעקוקט
מיט רויטע
מיט הונגעריקע
מיט בלוט־פאַרלאָפענע אויגן.
אויף זיין באַפעל
וועט דונערן און בליצן דער הימל
זיין בישט געזעטיקטן צאָרן —
אויף זיין באַפעל — — —

# ביטער איז דער פרילינג אויף דער באַוערי

ביטער איז דער פרילינג אויף דער באַוערי,
ביטער ווי די בליקן פון די הימלאָזע פאַרשוינען
וואָס קוקן אָן מיט אויגן —
אַז גאָט זאָל זיך מרחם זיין.
אָנגעלענט אָן גרויע מויערן,
אויסגעצויגן אויפן ברוק
מיט פלעשער בראָנפן אין די הענט,
האָבן זיי מיר נאָכגעקוקט.
נידעריק איז דער הימל געהאָנגען,
מיט פרילינגדיקע בלאָסע לעכער
דורך וועלכע מען האָט אַדורכגעזען
שטיקער לייב פון די פאַרשוינען
אין די צעריסענע בגדים אויף דער ערד — — —
גרין זענען געווען דיביימער אויף דער באַוערי —
גאָליק, ביטער זייערע בלעטער.

# דאָס הויז פון די אַלטע

דאָס רויטע ציגלנע הויז
פאַר אַלטע לייט
האָט צו מיר געשמייכלט אין פרימאָרגן היינט
מיט איין העלער זוניקער וואַנט,
אַן אַלטן שמייכל —
וואָס עס קענען נאָר שמייכלען אַלטע לייט
ווען איין אויג לאַכט
און דאָס אַנדערע וויינט.
די אַנדערע ווענט פון הויז
מיט די פאַרהאָנגענע פענצטער
פאַרשאָטנט, פאַרמאַכט —
האָבן געטרויערט אַן אַלטן טרויער
טיף אין זיך אַריינגעמויערט.

# דער אַלטער מאַן

דער אַלטער מאַן פון הונדערט יאָר
און אפשר מער —
אַלץ איז ביי אים איינגעשרונקען,
רעדוצירט צו אַ נישט פאַרענטפערטן פרעגצייכן
אין זיין פנים,
זיין שפּיציק פּיצל גאָמבע,
די קאַנטיק איינגעבויגענע פּלייצע,
די שאַרפע דאַרע קניען —
נאָר נישט די האָר פון זיינע ברעמען:
לאַנגע, געדיכטע, גרויע,
וואַקסן זיי ווילד און מיט רציחה
אַריבער זיינע אויגן
און פאַרשטעלן אים די וועלט,
ווי זיי וואָלטן שוין באַצייטנס געוווען
דאָס קברים־גראָז,
וואָס נאָגט מיט הנאה זיין אַלטן שאַרבן,
נאָך איידער דער אַלטער מאַן איז געשטאָרבן.

# איך ווין

איך ווין אין אַ גרויס הויז,
אין אַ הויכער געביידע.
די אַלטע איינוווינער פאַרשווינדן,
שטאַרבן אויס —
אָדער זיי פאָרן קיין פלאָרידע,
מיאַמי.
די אַלטע לייט טרעטן נישט אָפּ אַזוי גיך —
טויטערהייט פאָרן זיי נאָך לאַנג אין די צוויי עלעוויטאָרס
אַרויף
אַראָפּ,
אַראָפּ
אַרויף,
ביז די שאָטנס זייערע ווערן מיד,
ווערן בלאַס
וועפּן זיך אויס — —
און די וואָס זענען אַוועק
צו שטאַרבן אין מיאַמי —
זיי זעט מען נאָך אַלץ דאָ זיצן
אין די ווייכע פאָטעלן
אין לאַבי, *
זיי גלאָצן אויף די נייע איינוווינער,
אויף די יונגע מענטשן מיט יונגע זאָרגן,
וואָס לויפן איילנדיק פאַרביי —
ביז אויך זיי ווערן מיד
פון זיצן, גלאָצן — —
אַ ים־כוואַליע קומט
און שווענקט זיי אויף אייביק
אַוועק פון דעם הויז.

---

* האָל

## די ליידיקע דירה

געלויבט איז גאָט
וואָס די ליידיקע דירה
וואָס האָט חדשים לאַנג געפּוסטעוועט
אין לאַנגן קאָרידאָר —
איז שוין פאַרדונגען,
וואָס דאָס רונדיקע לאָך אין דער טיר
נאָך דעם אַראָפּגעריסענעם שלאָס,
איז שוין פאַרשטעלט
מיט אַ נייעם שלאָס,
און דאָס אָפענע טויטע אויג
פון דער אַלטער פרוי,
וואָס האָט אַ לעבן־לאַנג דאָ אָפּגעלעבט
און זיך געשיידט דאָ פון דער וועלט —
וועט מער נישט גלאָצן פון לאָך אַרויס
אויף יעדן איינוווינער וואָס גייט די טיר פאַרביי —
מאָמענטאָ, געדענק מיך,
כ׳בין דאָ געוועזן
כ׳האָב דאָ געלעבט,
כ׳האָב דאָ געלעבט.
— און דער נייער איינוווינער פון דער דירה,
דער בלאָנדער יונגערמאַן מיט דער טעקע,
ער וועט קיינמאָל נישט וויסן
וועמענס אויגן עס לויערן אויף אים פון די ווענט,
פון די שפּאַרעס אין זיין שטוב.
און אַזוי ווי ער וועט נישט וויסן,
אַזוי וועט עס אים נישט שאַטן — — —
און איך,
וואָס פאָר מיט אים אין עלעוויטאָר אַראָפּ,
און קוק אויף אים נייגעריק
מיט מיין קליין ביסל חוזק —
איך וועל עס אים אַוודאי נישט זאָגן.

## מיין שכנה

מיין שכנה איז געשטאָרבן.
אַנדערע מענטשן וווינען שוין אין איר שטוב
אַנדערע שליסן אויף מיט אַ שליסל איר טיר.
איך האָב זי געזען היינט, מיין שכנה,
פאָרן אויף אַ באָס *

זי איז געזעסן קעגנאיבער מיר
און אַרויסגעקוקט דורך די שויבן צו דער גאַס.
יאָ, ס'איז געווען זי ;
דאָס זעלבע פנים,
די רויטלעך געפאַרבטע, שיטערע האָר,
די ברוינע, מידע אויגן,
די שפּיציקע נאָז,
דער ברוינער מאַנטל.
וווהין איז זי געפאָרן ?
די לויזע, גערונצלטע זאָקן
אויף אירע דינע, שטעקלדיקע פיס —
בלויז זיי האָבן געמסרט
אַז דאָ זיצט אַ מת.

* אויטאָבוס

## אַ וועקזייגער קלינגט

ס׳וועט שוין היינט זיין
אַ נאַכט אָן שלאָף.
אַ וועקזייגער האָט זיך ערגעץ אויפגעכאַפּט,
קלינגט און קלינגט
און קיינער שטעלט אים נישט אָפּ.
ער וועט אויפוועקן אַלע געשטאָרבענע.
און ווו איז די האַנט וואָס האָט אים אָנגעשטעלט?
אַ טראָפּן וואַסער רינט פון קראַן און רינט —
פאַר וועמען גראָבט ער אַ קבר
אין דער לאַנגער נאַכט?

## דער שטויבזויגער

דער שטויבזויגער
אין מיין שכנס שטוב,
וואָיעט היינט שוין פון באַלד אין דער פרי
זיין געוווי פון דער אייביקער מלחמה
מיטן שטויב.
ער שרייט, רעווועט אין מיינע אויערן —
וואַרט נאָר, וואַרט —
איך וועל אויסזויגן אויך דיך,
דיין ביסל שטויב,
דיין לעבן.

## אַלטע ווערטער

אַלטע ווייבער
מאָלן אַלטע ווערטער —
מילשטיינער אין זייערע מיילער:
דער ווינט
די היץ
די קעלט
זיי צעברעכן אונדזערע ביינער.
פון די מידע ווערטער,
פון די שווערע שטיינער,
בלאָזט אַ יונגער שטויב
אויף די יונגע מיידלעך
וואָס לויפן פאַרביי
לאַכן פאַרביי —
מיט צעלאָזענע לאַנגע האָר
אויפן ווינט.

## דער זוים פון איר מאַנטל

אַ פרוי וואָס כ׳האָב געקענט,
באַגעגנט זי אָפט
ביי אָוונטן,
רעפעראַטן —
אַ נעקראָלאָג אין דער צייטונג
האָט געלאָזט וויסן —
זי איז געשטאָרבן.
האָט זיך איר פּנים אויסגעווישט
אין מיין זכרון,
איך האָב די פרוי שוין פאַרגעסן.
דער נאַסער, פאַרשפריצטער זוים
פון איר מאַנטל
פון עפּעס אַ רעגנדיקער נאַכט,
אירע נאַסע שיך און זאָקן —
עקבערן קאַלט אין מיין זכרון
און מאָנען אַ תּיקון.

## אַן אַלטער מאַנטל

אַן אַלטער מאַנטל ביי אַ וואַנט,
אַ ליידיק קענדל פון ביר —
אַלץ וואָס איז געבליבן נאָך אַ היימלאָזן,
וואָס האָט דאָ גענעכטיקט.
די פרימאָרגנדיקע גאַס צעשלעפּט
מיט איילנדיקע טריט
אין יאָגנדיקן רעדער־ווירבל,
דאָס לעצטע ביסל וואַרעמקייט
פון די צעריסענע ליידיקע אַרבל
פון מאַנטל.
באַלד וועט דאָס אַלטע מלבוש
און דאָס קענדל
ליגן אין מיסט־קאָרב.
בלויז דער אַספאַלט ביי דער וואַנט,
וואָס האָט איינגעזאַפּט אין זיך
אַ גאַנצע נאַכט,
דעם חלום, דעם פיבער
פון היימלאָזן מאַן —
בלויז דער אַספאַלט
וועט לאַנג קאָרטשען זיך, ראַנגלען
מיט דער ברענענדיקער מיטאָג־זון.

## וועמען שלעפּט מען

וועמען שלעפּט מען פון די שלאַכטפעלדער?
וויעטנאַמער זין?
אַמעריקאַנער זין?
ניין, דאָס שלעפּט מען משהן,
אונדזער שכנטעס זון,
וואָס איז מיט פופציק יאָר צוריק
פאַרלוירן געגאַנגען
אויפן גראָדנער פראָנט
אין פוילן.
— זאַגינאָל,
האָט אַ טעלעגראַמע קורץ באַריכט
צו דער מוטער,
— ער איז אַוועקגעקומען.

צו וויפל טרעפּערקעס,
ציגיינערינס,
איז די שכנטע געלאָפן
מיט אירע דריי טעכטער,
מען זאָל זיי זאָגן,
צי דער זון,
דער ברודער, לעבט?
צי וועט ער נאָך קומען צוריק?
די יינגסטע טאָכטער אסתר
איז געפאָרן אַזש קיין גראָדנע,
ערגעץ אין עק וועלט,
זוכן איר ברודער —
און צוריקגעקומען פון אָפּגעשרפעטן פראָנט
מיט ליידיקע הענט.
איך האָב מיטגעפיבערט מיט זייער לויפן, זוכן,

און ווי אַלע קינדער,
געגלייבט די ציגיינערינס:
— ער האָט פאַרבלאָנדזשעט אין אַ וואַלד
ער וועט קומען צוריק — — —
פון אַ פאָטאָגראַפיע אויף אַ וואַנט,
איינגערעמט אין אַ געשניצט הילצערן רעמל,
האָט משה אויף מיר טרויעריק אַראָפּגעקוקט
און געשוויגן — — —
משה איז נישט צוריקגעקומען.
די מוטער
מיט אירע דריי טעכטער,
מיט דודן, דעם ייִנגערן זון,
דער וואָס האָט דאָס רעמל צו דער פאָטאָגראַפיע אויסגעשניצט,
זיי אַלע האָבן די דייטשן אַוועקגעפירט
צו די גאַזקאַמערן,
אין די קרעמאַטאָריעס.

און איך האָב משהן געפונען,
נאָך פופציק יאָר
האָב איך אים געפונען אין מיין שטוב,
אויפן עקראַן פון טעלעוויזיע.
יעדן טאָג זע איך
ווי מען שלעפּט אים פון די שלאַכטפעלדער
אַ טויטן,
פון אַלע פאַרשפּילטע מלחמות — — —

ניין, דאָס זענען נישט וויעטנאַמער זין,
נישט אַמעריקאַנער זין,
דאָס איז משה,
רחל דער קצבטעס זון,
אַזוי פיל מאָל אַ געהרגעטער,
וואָס די מוטער זוכט אים שוין נישט מער.

## שיפן

אונטערוואַסער־שיפן
שווימען שטיל אין די אָקעאַנישע טיפענישן,
טראַנספּאָרטירן די צווישן־קאָנטינענטאַלע מיסילס
מיט אַטאָמישע קעפּ —
שאַ־שטיל.
נאָך היראָשימאַ,
וועלכע שטעט וועלן זיין דאָס צילברעט?
ס׳וויגט זיך דער גורל פון דער וועלט,
אונדזער גורל —
דער ווילן צום לעבן,
דער גרויזאַמער חשק צו שטאַרבן.

# ס׳שנייט

ס׳שנייט,
ס׳שנייט אין טערקיי
נאָך דער ערד־ציטערניש.
ווער שיקט פון הימל אַראָפּ
די קאַלטע, ווייסע טרייסט צו דער ערד?
ס׳שנייט אויף שטעט, דערפער, מענטשן, קינדער,
אויף אייביק פאַרזונקענע,
פאַרלוירענע אין די אָפּגרונטן — — —
ס׳שנייט אויף די פרישע גריבער, לעכער, שפּאַלטן —
דער שניי דעקט זיי צו —
וויל זיי באַהאַלטן — — —
וועמענס רחמנותדיקע האַנט
שיקט פון הימל אַראָפּ
די קאַלטע, ווייסע טרייסט?
וועמענס איז די האַנט
וואָס שטראָפט און היילט? — —
ס׳שנייט,
ס׳שנייט אין טערקיי
נאָך דער ערד־ציטערניש — — —

## זיצט אַ מענטש

זיצט אַ מענטש אין דרויסן
אויף דער פֿאַרטאָגיקער נאַסער באַנק?
אָדער ס׳איז בלויז אַ מלבוש,
אַן אומבאַוועגלעכער שטאַרער פלעק?
ס׳איז אַ מענטש.
ער שטעלט זיך אויף,
ער שטייט,
ער גייט אַריבער די גאַס.
גייט ער אַהיים צו ליידיקע פיר ווענט,
אָדער צו ווייב און קינד? — — —
לאַסט־אויטאָס יאָגן איבער דער גאַס.
מען פּלאָנט שוין אַ גאַנצע שטאָט
אַרויפצושיקן אין רוים,
צום מאַרס —
וועט נאָך אַ סאַטעליט זיך אַרומדרייען
אַרום גאָט.
נאָר אויך דאָרט —
וועט אַ מענטש זיצן פאַרטאָג
אויף אַ באַנק
אומבאַוועגלעך שטאַר,
אַליין.

# אין אַ שלאָפלאָזער נאַכט

אין אַ שלאָפלאָזער נאַכט
ווען כ'האָב נישט ווער ס'זאָל מיר לייענען
פון ספר הזכרון —
דערמאָן איך מיך —
אַ נאַכט אויף אַ וואָקזאַל,
אַ פרעמדע שטאָט,
אַ פּאַסאַזשיר,
וואָס זיין איינציקער באַגאַזש איז געווען
זיין קרעציק פּנים.
פון וואַנען איז ער געקומען?
ווהין איז ער געפאָרן?
און אפשר האָט ער קיין היים נישט געהאַט,
און גענעכטיקט אין די וואָקזאַלן
אויף אַ באַנק?
זיין קרעציק פּנים האָט געשוויגן
און שווייגט
ווי אַ ספינקס.

# ס׳קען זיין

ס׳קען זיין
איך האָב היינט געזען דאָקטער מענגעלע
טרינקען אַ גלאָז ביר
אין תל־אביב
ביים ים —
אַ פּאָר בלויע שאַרפע אויגן
האָבן פּלוצלינג אַ בליק געטאָן צו מיר
מיט אַ קאַלטן שטאָלענעם גלאַנץ פון מעסערס.
אַ געמאַכט און פאַלש געלעכטערל פון זיין מויל
האָט פּלוצלינג אויפגעוועקט דעם גרויל —
לינקס, רעכטס, לינקס, רעכטס,
לינקס! — — —
צום גאַז! — — —
העפלעך האָט ער זיך פאָרגעשטעלט
פאַר די שכנים פון מיין טישל —
ער שטאַמט פון ענגלענדער, סקאָטן,
און פון דער מוטערס צד
איז ער דויטש.
איך בין אַוועק פון דער קילער טעראַסע
און זיך נאָך לאַנג אַרומגעדרייט אין דער היץ,
ביים ים —
און געהערט די כוואַליעס נאָכקרימען —
דויטש, דויטש, דויטש — — —

## ס׳קלינגט מיר אין אַן אויער

ס׳קלינגט מיר אין אַן אויער —
ווער קען מיך אין זינען האָבן
אין אַזאַ פאַרשנייטן טויבן טאָג
ווי היינט ?
אפשר דו, וואָס ליגסט שוין פאַרשטיינערט
טיף אונטערן שניי,
די אויגן אַלץ נאָך אָפן ?
ווער קען מיך אין זינען האָבן
אין אַזאַ פאַרשנייטן טויבן טאָג
ווי היינט ?

## צו וואָס די צייכנס

צו וואָס די צייכנס
די לידער ?
אַלטע געלע פֿאַרמעטן צעפֿאַלן זיך,
ווערן שטויב.
לידער וואָס פֿייגל טראַכטן אויס
מיט זייערע פֿיס אויפֿן זאַמד —
ווערן פֿאַרשיט.
בלויז די ווינטן וואָס טרייבן
די כוואַליעס אויפֿן ים,
די וואָלקנס אין דער הייך —
בלויז זיי אָטעמען מיט אייביקן אָטעם.
דאָס איבעריקע איז רויך.

## די גרויע טויב

די גרויע טויב
מיטן ווייסן שפּראָץ פּעדערן אויף איר רוקן —
זי פירט ווידער אַ ליבע נעבן איר נעסט
אויפן געזימס פון הויז
אַנטקעגן מיין פענצטער.
וואָלט זי נישט איבערגעלעבט די פרעסט,
דעם ווינטער —
וואָלט איך אַוודאי אויך שוין נישט מער
אַרויסגעקוקט פון פענצטער — — —
זענען מירביידע ווידער דאָ —
זי מיט אירע פריידן,
איך מיט מיינע — — —

# דאָס רעקאָרדירטע טרילן

דאָס רעקאָרדירטע טרילן פון אַ זינג־פייגעלע
אין אַ ליידיק שטייגל
אויף אַ גאַס
אין פראָנט פון אַ פריזירערס שאָפּ —
דערמאַנט מיך
אַז אַזוי וועט אויך אַמאָל מיין ליד עמעצן נאָכגיין
אין אַ פרילינגדיקן טאָג ווי היינט
אויף אַ גאַס —
און ווי איך וועט עמעצער אויסדרייען דעם קאָפּ,
און אומזיסט זוכן דעם זינגער.

# איך קום צוריק

פּאָרסט אָוועק?
איך קום צוריק!
איך קום צוריק!
דער טעלעפאָן האָט לאַנג וויבּרירט —
די שורה פון אַ ליד —
די בשורה פון אַ ליד.

## ווער האָט געזאָגט

ווער האָט געזאָגט
אויף דער לבנה איז נישטאָ קיין וואַסער?
זי שווענקט זיך אין גרינע טויטע וואַסערן.
זי טויכט אויף און גייט אונטער,
זי וועקט אונז אויף
און שלעפּערט אונז ווידער איין
מיט אירע טויטע גרינע פינגער — — —
ווער האָט געזאָגט
אויף דער לבנה איז נישטאָ קיין וואַסער?

## וואָס אַרט מיך

וואָס אַרט מיך דער בייט פון די סעזאָנען —
פרילינג, זומער, האַרבסט, ווינטער,
אין מיר איז שטענדיק איין זמן —
אָן נאָמען.
דיביימער וואַקסן הויך אַרויף
מיט די וואָרצלען צום הימל —
די בלומען בליען ניט און וויאַנען ניט,
און האָבן שטענדיק איין קאָליר —
וואַכער דרימל.

## די פלאַטערנדיקע פאָן

כ׳בין שוין אַלט —
דער ווינט איז עלטער
און ער בלאָזט נאָך אַלץ —
זאָגט דאָס פאָלק.
איז לאָמיר אויפהייבן אַ טאָסט
צום ווינט
און צו דעם פאָלק —
ביידע וועלן ווייטער טראָגן
אונדזער פלאַטערנדיקע פאָן.

# די אַלטע פרוי און דער ים

אַ פּאָר טעג נאָך מיין אומקערן זיך פון מיין וואַקאַציע ביים ים, האָב איך אָפּגערופן די פרוי, ביי וועלכער כ׳האָב געוווינט עטלעכע וואָכן.

— וואָס מאַכט איר? דערקענט איר ווער עס רעדט? — האָב איך געפרעגט אין טעלעפאָן.

— אָ, יאָ, כ׳דערקען אייער קול זייער גוט. ווען איר רופט אַ מינוט שפּעטער, וואָלט איך שוין ניט געווען אין שטוב, כ׳בין נאָר־וואָס צוריק־געקומען פון באָרדוואָק צו נעמען פאַר זיך אַ וואַרעמען מאַנטל, עס בלאָזט היינט אַ קאַלטער ווינט פון ים. איך וועל אָנטאָן נאָך אַ סוועטער און איך לויף באַלד צוריק צום באָרדוואָק...

— האָט אייער זון אייך אַרויסגענומען יום־טוב?

— יאָ, ער איז דאָ געווען מיט זיין קאַר, מיך געפירט אויך צו דער טאָכטער און אויף דער נאַכט בין איך שוין ווידער געווען איינע אַליין אין הויז. זיי זענען דאָך אַלע אַזוי ביזי — האָט די פרוי פאַרענטפערט די קינ־דער — נו, אַ דאַנק וואָס איר האָט מיך גערופן. איך שטיי אָנגעטאָן און מוז אַרויסגיין.

די פרוי האָט אויפגעהאָנגען דאָס טרייבל.

אין געדאַנק האָב איך געזען די אַלטע פרוי אָנגעטאָן אין סוועטער, אין דעם אָפּגעטראָגענעם מאַנטל, מיט דער פּלאַסטיק שטול אין דער האַנט. איך זע, ווי זי פאַרשליסט די טיר פון איר וווינונג, וואָס באַשטייט פון צוויי צימערן מיט אַ קיך, און זי גייט דעם האַלבן בלאָק צום באָרדוואָק, זי שטעלט אַוועק די שטול נעבן אַנדערע אַלטע לייט, וואָס קומען אַרויס פון דעם דער־נעבנדיקן מושב־זקנים הויז, און קוקט אויפן ים...

די פענצטער פון איר וווינונג קוקן אויך אַרויס צום ים. מען הערט אין די שטיבער דאָס ריטמישע הייבן זיך און פאַלן פון די ים־כוואַליעס; מען זעט דעם בלויען הימל, די גלייכע ליניע ווו דער הימל גיסט זיך צונויף מיטן ים אין אַזאַ גראַדליניקן וועג...

אָבער זי, די אַלטע פרוי, האָט פאַרלוירן דעם וועג. זינט דער מאַן אירער, אַ זקן אין די אַכציקער, איז געשטאָרבן מיט עטלעכע חדשים צוריק, וואַנדערט אַרום די פרוי אַ שלאָפלאָזע אין די נעכט, אין די צימערן. די ווענט זענען באַהאָנגען מיט פאָטאָגראַפיעס פון זון, שנור, טעכטער, וואָס זעלטן רופן זיי זי אָפּ, און נאָך זעלטענער זעט זי זיי; פון אייניקלעך, וואָס אַ טייל פון זיי קען זי כמעט ניט...

אָפטמאָל פּרובירט זי אָפּצורופן אַ קינד, ענטפערט אַ רעקאָרדירטע שטימע אין טעלעפאָן, אַז דאָס איז אַ פאַלשער נומער... די אַלטע, האַלב־

בלינדע פרוי רעדט עפּעס לאַנג מיט דער רעקאָרדירטער שטימע און זאָגט־צו צו רופן שפּעטער, נאָך אַ מאָל.

— מיט וועמען זאָל איך רעדן — פרעגט זי דעם זון אין טעלעפאָן — מיט דער עמפּאַיר בילדינג?...

דרייט זיך אַרום די אַלטע פרוי אַ שלאָפלאָזע אין די שטיבער, און פאַרטאָג שלאָפט זי ערשט איין אויף דעם ווייט־אָפּגערוקטן בעט פון פאַר־שטאָרבענעם מאַנס בעט.

גאַנצע טעג זיצט די אַלטע פרוי אויפן באָרדוואָק. ווי נאָר זי קאָכט זיך אָפּ דאָס ביסל עסן, און עסט גיך אָפּ, כאַפּט זי די פּלאַסטיק שטול און גייט דעם האַלבן בלאָק פון איר הויז צום ים. זי זיצט צווישן די אַנדערע אַלטע לייט, אַן אַראָפּגעפּאַלענער געלער בלאַט, צווישן די אַנדערע געלע בלעטער, פון דעם אייביק־גרינעם בוים...

ווען די זון באַקט, זיצט זי אין קילן פּאַוויליאָן מיט די טונקעלע ברילן אויף די אויגן, קוקט אַרויס אויפן בלענדנדיקן בלויען ים, אויף די גאָלד־אָפּגעברענטע מיידלעך, אויף די שלאַנקע ברוינע בחורים...

זומער זיצט זי אויף דעם באָרדוואָק ביז שפּעט אין דער נאַכט. זי הערט זיך צו צו די פאַרשידענע יידישע לידער, וואָס ווערן דאָרט געזונגען פון פאַרשידענע אַמאַטאָרן צווישן דעם קרייז פון די אַלטע לייט, און זי איז די לעצטע צו גיין אַהיים.

ווי נאָר זי קומט אַריין אין הויז גיט זי אַ דריק דאָס קנעפּל פון טעלעוויזשאָן. ווידער הערט זי מענטשלעכע קולות; מען שרייט, מען זינגט, מען רעדט — — —

ווי נאָר דאָס געלעגער איז גרייט, גיט זי ווידער אַ דריק דאָס קנעפּל, דער טעלעוויזשאָן ווערט שטום. די אַלטע פרוי לייגט זיך שלאָפן אויף דעם ווייט־אָפּגערוקטן בעט.

דער ים רוישט, די כוואַליעס וואַרפן זיך און ברומען, ווי געהאַלטן אויף אַ קייט פון עפּעס אַ מעכטיקער און גרויזאַמער האַנט... אויך די פרוי קען ניט איינליגן, ווי זי אויך וואָלט געהאַלטן געווען אויף אַ קייט פון דער זעלביקער מעכטיקער און גרויזאַמער האַנט...

טרעפט אַ מאָל: די פרוי דרימלט־איין בייטאָג אויף אַ פּאָר מינוט נאָך דעם עסן, נאָך עטלעכע מינוט שלאָף, כאַפּט זי זיך אויף אַ צעטומלטע; זי ווייסט ניט צי ס׳איז פאַרנאַכט, צי פאַרטאָג? איז זי געקומען פון באָרד־וואָק, אָדער דאַרף זי שוין צוריקגיין? זי קוקט אַרויס דורך די פענצטער צום ים — די כוואַליעס רוישן און וואַרפן זיך און גיבן ניט קיין ענטפער...

היט זיך די אַלטע פרוי ניט איינצושלאָפן בייטאָג, זי זאָל ניט פאַרלירן דעם חשבון פון דער צייט...

# אָן דער קרוין

איינמאָל אין אַ פֿאַרנאַכט, שפּאַצירנדיק אויפֿן ריווערסאַיד־דראַיוו, האָב איך מיך אַרומגעזען אַז עס פֿעלט מיר אין גאַס די פֿרוי מיטן הונט; די דאַרע הויכע פֿרוי מיטן ברוינעם, גרויסן הונט ווי אַ קאַלב. מען פֿלעגט זי דאָך זען מיט אים שפּאַצירן יעדן טאָג, אין יעדן וועטער.

די פֿרוי פֿלעגט פֿירן פֿלעגט אויף אַ קייט דעם קודלאַטן הונט, וואָס פֿלעגט לאַנגזאַם און מיושבדיק שפּאַנען נעבן איר, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז די „פּאָר" איז אַ נויטיקער טייל צו דער גאַנצקייט פֿון דער לאַנדשאַפֿט. אָבער שוין חדשים ווי מען זעט זיי נישט מער. אפֿילו די ביימער וואָס באַוואַכן מיט זייערע הויכע, גרינע קרוינען די שלאָפֿנדיקע קינדער אין די וועגעלעך און זייערע יונגע מאַמעס, אויך זיי האָבן געוואַרט און האָבן זיך געריכט, אַז די „פּאָר" וועט נאָך אָנקומען פֿון דער טיפֿער, גרינער אַלייע, אָבער זיי זענען נישט געקומען מער — אפֿשר איז די פֿרוי שוין געשטאָרבן — האָב איך געטראַכט, אָבער זי איז דאָך געווען ערשט אין אירע מיטעלע יאָרן — — —

איך האָב שוין שלום געמאַכט מיטן געדאַנק אַז איך וועל די פֿרוי מיטן הונט מער נישט זען, זיי זענען שפּורלאָז פֿאַרשוווּנדן ווי אַ סך אַנדערע באַשעפֿענישן פֿאַרשווינדן אין דער גרויסער שטאָט! אָבער שפּע־טער, אין אַ פּאָר טעג אַרום, ווען איך בין געגאַנגען אַהיים, איז מיר פּלוצ־לונג אַנטקעגן געקומען די פֿרוי אויף בראָדוועי.

זי איז געווען אַליין.

דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב זי געזען אָן דעם הונט... זי האָט אויסגעזען הילפֿלאָז און פֿאַרלוירן אין מײַנע אויגן, ווי עפּעס אַ וויכטיקער גליד פֿון איר קערפּער וואָלט געפֿעלט.

איך האָב אָפּגעשטעלט די פֿרוי, זיך באַגריסט מיט איר, און זי גע־פֿרעגט, ווו ס'איז דער הונט. „דער הונט איז געשטאָרבן", האָט די פֿרוי געענטפֿערט, „שוין דריי חדשים ווי ער איז טויט. צוויי אָפּעראַציעס האָט ער געהאַט אויף אַ הורניע, און מען האָט אים גאָרנישט געדאַרפֿט אָפּערירן. זיי האָבן אים נישט גוט געהיילט, די דאָקטוירים, זיי פֿאַרשטייען דען אַ שטום באַשעפֿעניש? אָבער געלט האָבן זיי געשלעפּט פֿון מיר, אַ „פּאָרטשון" — מיט ניין יאָר צוריק האָב איך דעם הונט געפֿונען אויף דער גאַס, ביי־נאַכט. אַ היימלאָזן, אַ קראַנקן, שטענדיק איז ער געווען ביי מיר קראַנק! און ער איז דאָך געווען מײַן איינציקער פֿריינט!"

איך האָב אויסגעהערט די פרוי און זי געפרעגט: — „ווו האָט מען דעם הונט באַגראָבן?"

„אויף דער האַרטסדעיל סעמעטערי", האָט זי געענטפערט. „איך האָב דאָרטן אַ שטיקל „לאָט", מען האָט אים באַגראָבן נעבן דעם הונט, וואָס איז געשטאָרבן ביי מיר מיט ניין יאָר צוריק".

„און אַ מצבה האָט איר שוין געשטעלט?" — האָב איך געפרעגט.
„נאָך נישט, האָט זי געזאָגט — אָבער איך האָב אַרומגעצאַמט זיין קבר און פאַרזייט דאָרט בלומען און גראָזן".

— ווען דו וואָלסט געזען וויפל ליבשאַפט עס טרערט דאָרט אַראָפּ פון די מצבות, פון די שטיינער!

— „איר דאַרפט זיך נעמען אַן אַנדערן הונט" — האָב איך געעצהט דער פרוי...

זי האָט טרויעריק געשאָקלט מיטן קאָפּ. „ניין, נאָך דעם הונט קען איך קיין אַנדערן הונט נישט האָבן, איך קען אים קיינמאָל נישט פאַרגעסן"...

געזעגנענדיק זיך מיט איר האָב איך געזאָגט: „קומט צום ריווערסאַיד, עפּעס פעלט דאָרט אָן אייך..."

זי האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַ דאַנקבאַרן בליק, און געזאָגט:

„איך קען מיך דאָרטן מער נישט ווייזן אָן דעם הונט!"

און זי איז אַוועק פון מיר מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, פון וועלכן די קרוין איז אַראָפּגעפאַלן...

# די יתומה

אין אַ הייסן זומער־אָוונט, בין איך געזעסן אין אַ גאָרטן אויף אַ באַנק, און ביים העלן שיין פון אַ הויכן עלעקטרישן לאָמפּ אַריינגעקוקט אין אַ בוך. אַ יונג מיידל האָט זיך געזעצט אויפן צווייטן עק באַנק און אויך געעפנט אַ בוך. זי האָט אָבער לאַנג ניט געלייענט. זי האָט אַרויסגענומען פון איר גרויסן ביטל אַ העפט און אַ פעדער, און אָנגעפאַנגען שנעל, ווי איילנדיק זיך, צו שרייבן.

איך האָב זי באַטראַכט פון דער זייט; זי האָט געקענט אַלט זיין אַ יאָר דרייסיק; זי איז געווען דאַר, קליין געוואַקסן, מיט גרויסע, ברוינע, טרויעריקע אויגן. זי איז געווען אָנגעטאָן באַשיידן און ריין.

פון צייט־צו־צייט האָט זי אויפגעהויבן איר קאָפּ פון דעם שרייבן און געבלאָנדזשעט מיט איר בליק איבער די ביימער, איבער די פנימער פון פאַרבייגייער, ווי זיי וואָלטן איר געקענט דערמאָנען עפּעס, וואָס זי האָט פאַרגעסן.

— אין וועלכער שפּראַך שרייבט איר? — האָב איך זי געפרעגט.

— אונגאַריש! — האָט זי קורץ געענטפערט.

— וואָס שרייבט איר אין אַזאַ איילעניש? — האָב איך שוין דרייסטער געפרעגט.

דאָס מיידל האָט דערציילט:

— איך בין אַ רעפיודזשי פון אונגאַרן. מיינע עלטערן זענען פרי געשטאָרבן. איך בין אויסגעוואַקסן מיט מיין שוועסטערל אין אַ יתומים־הויז, דערמאָן איך מיך איצט אין אַ רעגנדיקן, האַרבסטיקן טאָג אין בודאַפּעסט: איך בין מיט מיין שוועסטערל געשטאַנען לאַנג פאַר אַ שויפענצטער פון אַ שיך־געשעפט. מיר האָבן דאָרט געזען אַ סך שיך, פונקט גוט פאַר אונז; מיר האָבן אָבער ניט געהאַט קיין געלט צו קויפן. דער סוחר פון געשעפט האָט באַמערקט ווי מיר שטייען אין רעגן. ער איז אַרויסגעקומען, האָט געזען אונדזערע צעריסענע שיך, ער האָט דערקענט אפשר אין אונז יתומים... ער האָט אונז אַריינגערופן אינעווייניק אין געשעפט, אָנגעמאָסטן אונז צוויי פּאָר שיך, זיי פאַרפּאַקט און, געבנדיק אונז דאָס פּעקל, געזאָגט: „גייט קינדערלעך, און טראָגט זיי געזונטערהייט!” איך האָב שוין פאַרגעסן דעם אויסזען פון דעם גוטן מענטשן, איך קען זיך ניט דערמאָנען מער זיין פנים, אָבער זיין גוטסקייט וואַרעמט מיך נאָך היינט... און וועגן אים שרייב איך איצט — האָט דאָס מיידל פאַרענדיקט איר דערציילן.

— ווי לאַנג זענט איר דאָ אין לאַנד? — האָב איך זי געפרעגט.

— פינף יאָר.

— האָט איר דאָ קרובים?

— ניין, איך בין דאָ אַליין. מיין שוועסטערל איז שוין לאַנג געשטאָרבן. בלויז אַ ווייטער קרוב וווינט אין אונגאַרן.

דאָס מיידל איז אַנטשוויגן געוואָרן.

ס'איז געוואָרן טונקעלער אין גאָרטן; גלי־ווערים האָבן ווי פונקען, זיך געצונדן און געלאָשן אין גראָז; אַ פאַרשפעטיקטער פויגל איז פאַרביי געפלויגן און געפאָכעט איבער אונדזערע קעפּ מיט זיינע פליגל. די בענק אַרום זענען געווען ליידיק. די מענטשן, וואָס זענען דאָרט פריער געזעסן, זענען זיך צעגאַנגען. אין בלאַסן שיין פון עלעקטרישן גאָרטן־לאָמפּ האָבן בלעטער אויף דיביימער זיך לייכט באַוועגט אין ווינטל.

דאָס מיידל האָט אויפגעהערט צו שרייבן; זי איז געזעסן שטיל, פאַר־קוקט אין דער ווייטקייט.

מיט אַמאָל האָט זי אַ פרעג געטאָן שטיל, ווי אין דער וועלט אַריין:

— צו וואָס בין איך געבוירן געוואָרן? צו וואָס ווערן מענטשן גע־בוירן? בלויז צו שטאַרבן?

איר קול איז געווען דין, פול מיט פאַרשטיקטע טרערן, ווי עס וואָלט געווען דאָס קול פון די וועלקנדיקע גראָזן אַרום.

# דורך אַ הינטער־טיר

יצחק בעלקין האָט זיך אַריינגעשאַרט אין זיין אַכצן־שטאָקיקן הויז דורך דעם שוואַרצן אַריינגאַנג. ער איז אַריין אין דעם שמוציקן לאַסט־עלעוועיטאָר, און דער געהילף פון סופּעראינטענדענט, אַ יונגער פּאָרטאָ־ריקאַנער, האָט אים אַראָפּגעפירט אין קעלער אַריין.

— וואָס הערט זיך? — האָט ער געפרעגט מיט אַ געדעמפּט קול, ווי מורא האָבנדיק, די איינוווינער פון הויז וועלן זיך דערוויסן, אַז ער, דער באַלעבאָס, איז דאָ.

— אַלץ איז רואיק, מ׳פיקסט שוין דעם עלעוועיטאָר — האָט דער פּאָרטאָריקאַנער געענטפערט.

זיי זענען אויסגעשטיגן אין אַ האַלב־פינצטערן קעלער. מען האָט געהערט דאָס רוישן פון אַן עלעקטרישן מאָטאָר; אין אַ ווינקל האָבן צוויי פלאָמבער־אַרבעטער געאַרבעט. עלעקטרישע פונקען האָבן געשפּריצט אַרום, אָבער די גראָבע מעטאַלענע שטריק פון עלעוועיטאָר זענען דערווייל נאָך געווען טויט.

יצחק בעלקין איז געשטאַנען נעבן די אַרבעטער, צוגעקוקט זיך צו זייערע געשיקטע, שנעלע באַוועגונגען און, אַריינשטעקנדיק זיי עטלעכע דאָלער אין די הענט, זיך געבעטן:

— איך בעט אייך, פיקסט וואָס שנעלער דעם עלעוועיטאָר, ווייל די איינוווינער זענען שטאַרק אומצופרידן!

— מיר טוען וואָס מיר קענען — האָבן די פלאָמבערס, ניט אויפ־הויבנדיק די קעפּ, געענטפערט.

יצחק בעלקין איז געגאַנגען זען דעם קראַנקן סופּער. אַ פינצטערער, שמאָלער דורכגאַנג האָט געפירט צו דער טיר. ער האָט אָנגעקלאַפּט און ווידער איז געווען שטיל. ער האָט אַ דריק־געטאָן די קליאַמקע און אַריין אין אַ קליין, טונקל צימערל. אַ פּאַרדומפּעטע לופט האָט זיך אַקעגנגעטראָגן צו זיין נאָז.

אויף אַ בעט, צוגעדעקט מיט שמאַטעס, איז געלעגן דער סופּער, אַ יונגער פּאָרטאָריקאַנער פון אַ יאָר דרייסיק, מיט אַ קאָפּ שוואַרצע צעשוי־בערטע האָר. די שוואַרצע אויגן האָבן ביי אים געגליט פון געהעכערטער טעמפּעראַטור. דערזעענדיק דעם באַלעבאָס, האָט ער געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער ער האָט זיך בלויז צעהוסט און זיך איינגעקוקט אין געקרייציקטן, וואָס איז געהאָנגען אויף דער וואַנט, קעגנאיבער זיין בעט, מיט אַ קראַנץ דערנער אויף זיין קאָפּ.

— פאַרוואָס גייסטו ניט אין שפּיטאָל? — האָט אים געפרעגט דער באַלעבאָס.

— איך דאַרף ניט קיין שפּיטאָל, איך וועל דאָ אויך געזונט ווערן — האָט אַרויסגעכריפּעט דער קראַנקער און געוויזן מיט זיין האַנט אויף די פלעשלעך מיט רפואות, וואָס דער דאָקטער האָט אים פאַרשריבן.

דורך דעם קליינעם, נידעריקן פענצטער האָט יצחק בעלקין געקענט זען אַ שטיק גרויע וואַנט פון זיין הויכער מויער. ער האָט אַרויסגענומען פון טייסטער אַ טשעק, אַוועקגעלייגט אים אויפן אָנגעשטעלטן טיש, און אַרויסגייענדיק, צוגעזאָגט מאָרגן אָנצוקלינגען אויפן טעלעפאָן, געוויר ווערן וואָס דער קראַנקער מאַכט... און אין דעם האַלב־פינצטערן קעלער איז ער דערנאָך געשטאַנען צווישן אָנגעלייגטע אַלטע מאַטראַצן, בעטן, אָפּגעריפּעטע וואַליזעס, און דערפילט, אַז ער אַליין איז אויך שוין אַלט, קראַנק און איבעריק אויף דער וועלט...

פון אַ ווינקל האָבן וואַש־מאַשינען מיט אָפענע שוואַרצע מיילער גע־רופן דערשראָקן נאָך הילף. יצחק בעלקין איז צוגעגאַנגען און פאַרקלאַפּט די אָפענע טירלעך פון די וואַש־מאַשינען און געפילט, ווי זיין קינבאַק ציטערט און ער קען זיך אויך ניט צומאַכן... ער איז צוגעגאַנגען צום עלע־וועיטאָר, אַ דריק געטאָן ביים קנעפּל און אַרויפגעפאָרן אַ שטאָק העכער.

אויף דער גאַס האָבן אים שוין אַ צענדליק איינוווינער פון הויז אָפּגעוואַרט...

— ווי אַ ווינט וואָלט דאָ אַרומגעלאָפן און צעטראָגן די נייעס אַז איך בין דאָ — האָט ער געטראַכט — ווי אַ ווינט...

— ווי לאַנג וועלן מיר זיין אָן אַן עלעוועיטאָר?

— ווען וועל איך קריגן אַ נייעם פרידזשידער?

— איר האָט צוגעזאָגט ביי מיר צו מאָלן!

אַ געהויקערטער, אַ שולדיקער, אָנגעשפּאַרט שווער אויף זיין שטעקן איז ער געשטאַנען, דער זיבעציק־יאָריקער יצחק בעלקין צווישן עולם און אַלעמען פּרובירט באַרויקן.

— דעם עלעוועיטאָר מאַכט מען שוין צורעכט, מען וועט מאָלן, אַלץ וועט זיך אויספּרעסן...

ווען ער איז געבליבן ענדלעך אַליין אויף דער גאַס, איז ער צוריק אַריין אין הויז דורך דעם פאַראַדנעם איינגאַנג; ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף איינעם פון די צוויי פאָטעלן אין האָל, ער האָט אָנגעצונדן די עלעק־טרישע לאָמפּן, אויפן טיש, אַרויסגענומען אַ טיכל און זיך אויסגעווישט די טרערנדיקע אויגן. ער האָט ליב געהאַט דאָ צו זיצן אַביסל אין האָל, דער ווייכער קאַרפּעט האָט איינגעזאַפּט אַלע זיינע געדאַנקען און האָט מסכים

געוועזן מיט זיי שווייגנדיק. ער, יצחק בעלקין, איז אַן אלמן שוין זינט יאָרן, ער וווינט אַליין אין אַ האָטעל; אַליין מיט די זכרונות פון זיין פאַרשטאָרבענער פרוי. זיין פאַרהייראַטע טאָכטער זעט ער זעלטן — זי וווינט אין אַ פאָרשטאָט פון ניו יאָרק און איז פאַרנומען מיט די קינדער...

קיינער זאָל נאָר ניט אַרויסקומען און מיך זען דאָ זיצן — האָט ער געבעטן...

אָנגעשפּאַרט אויפן שטעקן, איז ער אַרויס פון הויז, אַריבערגעגאַנגען אויף דער צווייטער זייט גאַס, און אַרויפגעקוקט צו זיין אַכצן־שטאָקיקן הויז מיט אַזוי פיל פרעמדע פענצטער, וואָס האָבן איצט געפלאַמט אין זונפאַרגאַנג... זיינע שיטערע גרויע האָר האָבן געפלאַטערט אין ווינט...

— דאָס הויז איז שוין פּאַר מיר אַ לאַסט, איך דאַרף שוין רוען, אַזוי ווי עס רוען די אַלטע טשעמאָדאַנעס אין קעלער...

און צום ערשטן מאָל האָט ער מסכים געוועזן אין געדאַנק, אַז דער איידעם זיינער, דער גוי, זאָל ווערן דער באַלעבאָס פון דער געביידע.

ר ײ ז ל   ז ש י כ ל י נ ס ק י

## די פֿרוי פֿון יוניאָן-סקווער

דאָס ערשטע מאָל האָב איך באַגעגנט די פֿרוי אין יוניאָן־סקווער. ס'איז געווען אַ שפּעטער זומערדיקער פֿאַרנאַכט. בלעטער זענען געפֿאַלן אויף דער ערד, מידע און פֿאַרטריקנטע, מענטשן זענען געלעגן אויסגעצויגן אויף די בענק אין פֿאַרק און געשלאָפֿן, ביז אַ פּאָליסמאַן איז געקומען און זיי אויפֿגעוועקט.

נעבן מיר אויף אַ באַנק איז געזעסן אַ פֿרוי און געדרימלט. זי האָט געטראָגן אַ גרויסן עלעגאַנטן הוט, מיט ברייטע ראַנדן. זי איז געווען אָנגע־טאָן אין אַ העל־זײַדן קלייד, און אַ סך רינגען און בראַסלעטן זענען געווען אויף אירע הענט.

ווי אַלט האָט זי געקענט זײַן? פֿערציק, פֿופֿציק יאָר? און אפֿשר בלויז דרײַסיק? ניט ווײַט פֿון דער באַנק זענען געשטאַנען גרופּן מענער און זיך געאַמפּערט.

בײַ די פֿאָנטאַנען האָבן דאָרשטיקע פֿאַרשמאַכטע טויבן געטרונקען וואַסער. ערגעץ האָט אַ קלויסטער־גלאָק געקלונגען. דער זייגער האָט געוויזן אַכט.

מיט אַמאָל האָט די פֿרוי געעפֿנט אירע אויגן און געפֿרעגט:

— בין איך לאַנג געשלאָפֿן?

און ניט וואַרטנדיק אויף מײַן ענטפֿער, זיי צוריק פֿאַרמאַכט.

— דאָס זענען געווען צוויי טיפֿע, גרינע אָפּגרונטן, זיי האָבן געצויגן צו זיך ווי אַ קילער ברונעם. ווער איז די פֿרוי? פֿון וואַנען קומט זי אַהער, דאָ צווישן די אָרעמע, היימלאָזע מענטשן? איז זי אַ געוועזענע גרעפֿין? אָדער אַ פֿאַרבלאָנדזשעטער גייסט פֿון בית־עלמין וואָס איז אַמאָל דאָ געווען?

(אויפֿן אָרט, וווּ עס איז איצט יוניאָן סקווער, איז אַמאָל געווען דער שטאָטישער „פּאָטערס פֿעלד“, אַ סעמעטערי פֿאַר אָרעמע מענטשן).

די ביינער האָט מען אַרויסגעגראָבן און זיי אַוועקגעפֿירט ווײַט, נאָר אַ גילגול זוכט נאָך דאָ אפֿשר אַ תּיקון?

אויף דער באַנק האָט זיך צוגעזעצט אַ מאַן, ער האָט זיך נײַגעריק אײַנגעקוקט אין דער דרימלענדיקער פֿרוי. איך בין אַוועק, און נאָך לאַנג געטראַכט וועגן איר — —

איינמאָל אין אַ האַרבסט־טאָג האָב איך די פֿרוי ווידער געטראָפֿן. דאָס מאָל איז עס געווען אויף בראָדוועי. זי איז ווידער געווען אָנגעטאָן עקס־צענטריש, אויסטערליש; אין שוואַרצע סאַמעט קליידער, אַ ברייטן שוואַרצן הוט, ווידער רינגען און בראַסלעטן אויף אירע הענט. איך האָב זי אָפּגעשטעלט:

— איך קען דיך. דו ביסט געשלאָפן אין יוניאָן־סקווער...
— יאָ, האָט זי געזאָגט — אָבער איך ווין דאָ אויף בראָדוועי.
זי האָט זיך מיט מיר געזעגנט אין אַ גוטן פראַנצויזיש. איך האָב איר לאַנג נאָכגעקוקט.

שפּעט אין אַן אָוונט, בין איך אַריין אין אַ קאַפעטעריע און ווידער דערזען די פרוי. זי איז געשטאַנען נעבן אַ טישל, ביי וועלכן עס איז געזעסן אַן עלטערער מאַן. זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ גרין־בראָקעיד קלייד מיט גרויסע ברוינע בלומען, די פּרייז־צעטלעך האָבן נאָך אַראָפּגעהאָנגען פון דעם קלייד... זי האָט אויסגעזען שלאַנק־בויגיק, ווי אַ יונג מיידל, אירע האָר זענען געווען פּלאַטין־בלאָנד, הויך פריזירט.

דער מאַן האָט זי באַטראַכט פון אַלע זייטן. ער האָט דערנאָך געגומען זי באַרירן, לאַנג געהאַלטן זיין האַנט אויף איר בויך, אויף איר פּלייצע...

זי האָט געזאָגט, זי וועט דאָס קלייד צוריקגעבן, ווייל, עס פּאַסט איר ניט...

ער האָט געענטפערט, אַז זי זאָל אומבאַדינגט דאָס קלייד צוריקגעבן, און דערווייל באַרירט איר ברוסט — —

זי איז צוגעגאַנגען צו אַן אַנדער טישל, און אַן אַנדערער מאַן האָט געזאָגט „מבינות".

די פּרייז־צעטלעך האָבן ווי פאַרשעמטערהייט אַראָפּגעהאָנגען פון קלייד...

אין דער האַלב־ליידיקער קאַפעטעריע האָבן מענטשן געקוקט אויף דער פרוי און זיך געשושקעט. זי האָט מיך דערזען, און אַ שאָקל געטאָן צו מיר מיטן קאָפּ...

אירע גרינע אויגן זענען געווען צעטומלט, די בראַסלעטן און די רינגען האָבן טרויעריק געפינקלט אויף אירע הענט — — —

רייזל זשיכלינסקי

# עמעצער איז געקומען

דאָס איז געווען אין יאָר 1946. איך האָב מיך אומגעקערט פון טיף רוסלאַנד מיט מיין משפחה צו דער אַזוי־גערופענער „זאַפּאַדנאַיאַ אוקראַינאַ", אַ שטיק פּויליש לאַנד, וואָס די רוסן האָבן אַנעקסירט בעת דער לעצטער וועלט־מלחמה.

ס'איז געווען אַ שווערער ווינטער. די שטאָט סטאַניסלאַוו איז געווען פאַרקאָוועט אין פראָסט און גאַנצע בערג שניי זענען געלעגן אויף די גאַסן. ס'האָט אויסגעזען ווי די ערד דאָ האָט זיך געשעמט, און דער שניי האָט געוואָלט פאַרדעקן די אַלע רציחות און מערדערייען וואָס זענען דאָ אָפּגעטאָן געוואָרן לגבי די אומשולדיקע מענטשן דורך די דייטשן...

מיר האָבן באַקומען אַ וווינונג פון צוויי צימערן — אַ קיך מיט אַ צימער. אַזוי ווי צוליב מאַנגל אין האָלץ איז שווער געווען צו באַהייצןביידע שטיבער, האָבן מיר אַריינגעשטעלט אַ בלעכערנעם אויוון אין דער שלאָף־שטוב. אויף דעם אויוון האָב איך געקאָכט און עס איז געווען וואַרעם אין שטוב.

אין דער קאַלטער קיך איז דער פראָסט ניט אַראָפּ אַ גאַנצן ווינטער פון די שויבן. שטשאַפּעס און פּיענקעס האָלץ זענען געלעגן אויפן דיל און געוואַרט אויף דער האַק... די קיך האָט אויסגעזען ווי עפּעס אַ טויטער וואַלד...

מיין זון איז דעמאָלט אַלט געווען דריי יאָר. איך פלעג אים אָנטאָן וואַרעם און גיין מיט אים שפּאַצירן.

קעגנאיבער דעם הויז ווו מיר האָבן געוווינט האָט זיך געפונען אַ טורמע. אָפטמאָל איז מיר אויסגעקומען צו זען לאַנגע פּראָצעסיעס פון אַרעסטאַנטן אַרויסגיין פון די טויערן פון דער טורמע. זיי זענען געווען שטאַרק באַוואַכט פון רוסישע זעלנער. די מענטשן זענען מייסטנס געווען אוקראַינער, פּרויען און מענער, וואָס האָבן זיך מיט עפּעס פאַרזינדיקט קעגן דעם נייעם אָקופּאַנט...

איצט האָט מען זיי געשיקט טיפער אין רוסלאַנד — אין אַנדערע טורמעס, אָדער אין לאַגערן אויף אַרבעט... די פרויען זענען געווען אָנגעטאָן אין ווייסע טיכלעך אויף די קעפּ, ווי זיי וואָלטן זיך געגרייט צו עפּעס אַ יום־טוב...

איך האָב לאַנג נאָכגעקוקט די מענטשן, וואָס האָבן פאַרלוירן זייער פרייהייט, ביז די טרויעריקע פּראָצעסיע איז פאַרשוווּנדן אין ראָג פון אַ גאַס.

איך האָב געפּרוווט צו גערעדענקען אַ פּנים, אַ בליק, אָבער אַ טומאַן האָט אַלץ איינגעהילט, און דאָס וואַרעמע הענטל פון מיין קינד האָט מיך ווייטער שוין געפירט איבער די גאַסן פון סטאַניסלאַוו...

אומזיסט וואָלט געווען דאָס זוכן פון יידן אויף די גאַסן פון דער שטאָט. דער גרויסער, בליענדיקער יידישער ישוב, וואָס האָט דאָ פאַר דער מלחמה געבראָזשעט מיט לעבן, איז געוואָרן אויסגעריסן מיטן וואָרצל פון די דייטשע מערדער... בלויז איינצלנע יידן וואָס האָבן זיך אומגעקערט פון טיף־רוסלאַנד ווי אָפּגעשליסענע פייגל נאָך אַ שטורעם, האָבן געפּרוווט דאָ ווידער בויען אַ נעסט; אָבער די אויגן און די אויערן זייערע זענען געווען געווענדט צו דער פּוילישער זייט, צו זייער אַמאָליקער היים און ביי דער ערשטער געלעגנהייט זענען זיי אויך אַוועק אַהין...

איינמאָל אין אַ פרימאָרגן האָט מיין קינד, אָנגעטאָן וואַרעם, זיך געשפּילט אין דער קאַלטער קיך מיט אַ באַלעם. איך בין געווען אין דער שטוב מיט עפּעס פּאַרנומען ביי דעם אויוון; מיט אַמאָל האָט דאָס קינד געעפנט די טיר פון דער שטוב און אַ זאָג געטאָן אויף רוסיש:

„מאַמאַ, קטאָטאָ פּרישאָל!" (מאַמע, עמיצער איז געקומען!)

איך האָב מיך דערשראָקן. איך האָב ניט דערוואַרט קיין געסט. ווער האָט געקענט קומען?... איך בין נאָכגעגאַנגען דעם קינד אין דער קיך אַריין; אויפן האָלץ איז געשטאַנען אַן אויסטערליש גרויסער, געלער שטשור! דער שטשור איז געשטאַנען אומבאַוועגלעך, ווי ער וואָלט אויף מיר געוואַרט, און מיך אָנגעקוקט מיט זיינע קליינע שפּיזלדיקע אויגן... איך האָב אַ געשריי געטאָן. דער שטשור איז מיט איין שפּרונג פאַרשוווּנדן אין אַ לאָך! איך בין אַ פאַרציטערטע צוריקגעלאָפן אין שטוב אַריין. דאָס קינד האָט מיך פאַרוווּנדערט אָנגעקוקט, און דערנאָך ווידער זיך גענומען שפּילן מיטן באַלעם...

ר י י ז ל   ז ש י כ ל י נ ס ק י

# דאָס ליידיקע הויז

ווען איך בין די ערשטע נאַכט אַהיים געקומען שלאָפן אין מיין דירה ביים ים, האָב איך געפונען אַ צעטל אויף דער פאַרשלאָסענער טיר, עס האָט זיך געלייענט:

— „איך בין אַוועקגעגאַנגען שלאָפן, איך וועל צוריק זיין מאָרגן אין דער פרי, מיסעס וואָל".

איך האָב אויפגעשלאָסן די טיר מיט דעם שליסל, וואָס די פרוי וואָל האָט מיר געגעבן אין דער פרי, און אַרויפגעגאַנגען אַ שטאָק טרעפ.

אין לאַנגען האָל האָט געברענט אַ קליין עלעקטריש לעמפל; אויף אַלע פינף טירן פון די פינף צימערן, וואָס די פרוי וואָל האָט באַוווינט, האָבן געהאָנגען שלעסער, אפילו די קיך איז געווען פאַרשלאָסן מיט אַ שווערן שלאָס.

מיט אַן אומהיימלעך געפיל האָב איך אויפגעשלאָסן די טיר פון צימער, וואָס איך האָב געדונגען, און האָב געמאַכט ליכטיק, אָבער איך בין באַלד צוריק אַרויס אין האָל, זיך געזעצט אויף אַ בענקל און באַטראַכט די טירן מיט די שלעסער.

איך האָב דערביי געטראַכט וואָס די פרוי וואָל האָט מיר וועגן זיך דערציילט ביים דינגען דעם צימער; איר מאַן האָט זי פאַרלאָזן נאָך מיט פופציק יאָר צוריק, אָבער ער פאַרפאָלגט זי נאָך איצט. זי ווייסט, אַז ער האָט זיך איבערגעמאַכט די נאָז, זיך אָפּגעפאַרבט די האָר זי זאָל אים ניט דערקענען, אָבער ער טשאַטעוועט דאָ אַרום דעם הויז, ער דרייט זיך דאָ אַרום, אַ מאָל מיט אַ קינד ביי דער האַנט, אַ מאָל מיט אַ הונט — ער איז שוין איבער די אַכציק, אָבער ער זעט נאָר אויס פערציק...

איך בין צוגעגאַנגען צום פענצטער; די גאַס איז געווען שטיל און ליידיק, קיינער האָט זיך נישט אַרומגעדרייט אַרום דעם הויז. איך האָב מיך געלייגט אויפן בעט, און מיד פון אַ לאַנגן שפּאַציר ביים ים, בין איך באַלד איינגעשלאָפן.

פאַרטאָג האָט מיך אויפגעוועקט אַ שטאַרק קלאַפּן אין דער אונטערש־טער טיר פון הויז. איך בין אַ דערשראָקענע אַראָפּ אין בלויזן העמד און האָב געעפנט די טיר;

— „איך האָב פאַרגעסן די שליסלען צו נעמען" — האָט זיך פאַר־ענטפערט די אַלטע פרוי. זי האָט אויסגעזען מיד און געל, די גרויע האָר צעשויבערט — „איך האָב מיך אויף דיר נישט געקענט דערוואַרטן, בין איך אַוועק שלאָפן צו פריינט".

אַ רחמנות האָט מיך אַרומגענומען צו דער פרוי; ווען דער מאַן איז פון איר אַוועק איז זי געבליבן אַליין מיט דריי קליינע קינדער. זי האָט

שווער געאַרבעט אין איר שפּייז־קראָם. די קינדער זענען אויסגעוואַקסן, געגאַנגען אין שולן, צוויי זין זענען דערפאָלגרייכע אַדוואָקאַטן... אַלע זענען שוין פאַרהייראַט זי האָט שוין זעקס אייניקלעך — נאָר איצט וווינט זי דאָ אַליין, אין דעם הויז מיט די שלעסער אויף די טירן...

זי איז אַריין אין קיך און געמאַכט קאַווע. דורך די אָפענע פענצטער האָט מען געהערט דאָס ברומען פון די שיפן אויפן ים.

— „דו הערסט די קולות — האָט די מיסעס וואָל צו מיר געזאָגט — דאָס סטראַשעט מיך אַזוי מיין מאַן, דאָס איז זיין קול, כסדר שרעקט ער מיך אַזוי... איך פאַרשליס אַלע טירן, ווייל ווען איך בין נישטאָ, קומט ער אַריין און גנבעט אַלץ אַרויס"... זי איז צוגעגאַנגען צו אַ שאַנק, אַרויס־גענומען פון דאָרטן עטלעכע אַלטע, צעריסענע פּלאַסטיק זעקלעך פון אַ לאָנדרי; „דו זעסט וויפל קליידער ער האָט ביי מיר צוגעגנבעט?" זי האָט געציילט די זעקלעך אויפהויבנדיק זיי הויך יעדעס באַזונדער:

— „איינס, צוויי, דריי, פיר, פינף, זעקס! זעקס קליידער זענען דאָ געהאָנגען, ער האָט זיי אַלע ביי מיר צוגעגנבעט און האָט זיי אַוועקגעגעבן צו זיינע אויסגעלאַסענע מוידן"...

— אייער מאַן איז דאָך שוין אַן אַלטער מאַן, אים ליגן שוין נישט אין קאָפּ קיין פרויען, האָב איך זי געפּרוווט באַרואיקן.

— „ער זעט נאָר אויס פּערציק, ער טראַכט נאָר ווי מיך צו באַרויבן. איך קען אפילו דעם טעלעוויזשאָן ניט אויפמאַכן, ווייל ער וואַטשט מיך אין זיין טעלעוויזשאָן"...

— „דו הערסט די קולות — האָט די פרוי זיך ווידער איינגעהערט צו די סיגנאַלן פון די שיפן — דאָס סטראַשעט ער מיך כסדר און לאָזט מיך ניט לעבן"...

איך האָב געוווינט ביי דער פרוי נאָר עטלעכע טעג. יעדן פאַרנאַכט, פאַרן אַוועקגיין אויף אַ שפּאַציר, האָב איך זי געמוזט פאַרזיכערן, אַז איך קום צוריק נעכטיקן.

— ביסט זיכער, אַז דו קומסט צוריק? האָט זי מיך אַ פּאָר מאָל איבערגעפרעגט...

איך האָב געוווסט, אַז זי האָט זיך פריער ניט געלייגט שלאָפן, ביז וואַנעט זי האָט מיך, פון איר רויט־געפאַרבטן פאָרטש ניט געזען אָנקומען — דעמאָלט האָט זיך ערשט אויסגעלאָשן דאָס ליכט אין איר פענצטער...

ס'איז געווען סעפּטעמבער, איך בין אַוועקגעגאַנגען מיט מיין קליין וואַליזקעלע; איך האָב מיך אַ פּאָר מאָל אומגעקוקט צו דעם הויז מיט דעם רויטן גאַנעק. די הויכעביימער זענען שוין כמעט געווען נאַקעט, אָן בלעטער. — איך האָב געטראַכט פון די אָסיענדיקע אָוונטן, וואָס וועלן באַלד קומען, דאָס הויז וועט שטיין לײדיק און די אַלטע פרוי וועט דעמאָלט גיין זוכן אַ געלעגער ערגעץ אין דער פרעמד...

# א י נ ה אַ ל ט

## די פאַרנאַכטיקע נאָוועמבער - זון

## דער קעניג פון שטויב

## די אַלטע פרוי און דער ים

## ביז איצט דערשינענע ביכער:

לידער — יידישער פּ. ע. נ.־קלוב אין וואַרשע, 1936

דער רעגן זינגט — לידער, יידישער פּ. ע. נ.־קלוב אין וואַרשע, 1939

צו לויטערע ברעגן — לידער, פאַרלאַג „יידיש־בוך״, לאָדזש, 1948

שווייגנדיקע טירן — לידער, אַרויסגעגעבן מיט דער מיטהילף פון יידישן פּ. ע. נ.־קלוב אין ניו־יאָרק, 1962

האַרבסטיקע סקוועדן — לידער, ניו־יאָרק, 1969